„RADOMER-KIELCER LEBEN" 20 (160) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" פרייז 25 גראָשען פּיטרעטער יאָהרגאַנג




הײַנט 10 זײַטעל.

אדרעס
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבן"

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben"
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.

אַנאָנסען פּרײַז!
איין מילימעטער שורה: פאר'ן טעקסט 20 גר.
„ 40 „ אין „ „ „
„ 18 „ נאָכ'ן „ „ „
די ערשטע און לעצטע זייט ענטהאלטן 8 שפּאַלטן
אין טעקסט 4 „

ראַדאָם פרייטאג כ"ה אייר תרפ"ז — פאר'ן אינהאלט פון טעקסט אין די אנאנסען איז די רעדאַקציע ניט פעראַנטוואָרטליך — 27-go maja 1927 r.

## הכחשה.

דער דאָזאר ה' יששכר אדלער, וועלענדיג זיך פעראַנטפערען פאר מיין שיאַנער ה' דוד סאָווע, וועלכער האָט איהם פאָרגעוואָרפען ביי געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען פאר וואָס מ'האָט איהם, מיין שוואָגער געשטעלט א צו-גרויסען עטאַט — ערקלערט, אז ער איז געווען אָהנמעכטיג אין אז געשאַצט האָבען איהם נאָר זיינע נאָהנסטע. היות ווי מיט דער ערקלערונג ווערט געמיינט מיין פּערזאָן, ערקלער איך, אז דאָס איז א שקר מיחלט שוין צוליב דעם אליין, וואָס איך האָב זיך לגמרי נישט בעטייליגט ביים שאַצען און קלאַסיפיצירען דעם עטאַט-אָבצהאָל. די גאנצע אינטריגע וועט בעהאנדעלט ווערען אויף איינער פון די נעכסטע זיצונגען פון קהלה-ראַט.

מאָטיל אייזמאַן.

## פאַר דער עפענטליכקייט

דעם 26/5 איז אין סוחרים-פעראיין פאָרגעקומען א עהרען-געריכט וועגען דער בעשולדיגונג, וואָס ה' שמואל קאַרמאַן האָט געוואָרפען אויף ה' קאָטליאַר. דאָס געריכט אויסהערענדיג די ערקלערונג, אז ה' קאַרמאַן האָט עס געטוהן צוליעב וואהל-מאַניעווער און אז ער ציהט צוריק זיין בעשולדיגונג — האָט גע'פסק'ענט ה' קאַרמאַן זאָל זיך ענטשולדיגען פאר ה' קאָטליאַר און איהם איבערבעטען. ווען ה' קאַרמאַן האָט עס געטוהן, האָט דאָס געריכט פולשטענדיג ריינגעוואַשען און דעהאַביליטירט ה' קאָטליאַר פון יעדער בעשולדיגונג.

פערוואלטונג פון האנדווערקער-קלוב
══ אין ראַדאָם. ══

## RZECZPOSPOLITA POLSKA

**Urząd Patentowy – Świadectwo Ochronne Nr. 733**

Na mocy ustawy z dnia 5 lutego 1924 r., o ochronie wynalazków, wzorów i znaków towarowych (Dz. U. R. P. Nr. 31, poz. 306) został zarejestrowany dnia 11 maja 1927 r. na podstawie załączonych:

Opisu i wzoru, na rzecz firmy

**FABRYKA GILZ**

# M. PASCHALSKI w Radomiu

wzór na „GILZĘ DO PAPIEROSÓW" zgłoszony dn. 6 kwietnia 1927 roku

Warszawa, dnia 11 maja 1927 roku.

Urząd Patentowy Rzeczypospolitej Polskiej.

Podając przyznany patent do wiadomości Szanownych Konsumentów, uprzejmie komunikujemy, że GILZY ZAOPATRZONE POTRÓJNĄ ZDROWOTNĄ WATA GRABOLOWĄ pod nazwą „DLA ZNAWCÓW" ukażą się w handlu w dniach najbliższych.

**Fabryka Gilz — M. PASCHALSKI.**

## אייז זעלטענע געלעגענהייט!!!

אין דעם בעוואוסטען יובילער-געשעפט
### י. רובינשטיין
ראַדאָם, לובלינער 25

איז א אויספערקויף פון פערשיעדענע סחורות צוליעב א גענצליכע ליקווידאַציע.

## אַכטונג! בוימוואָל-מאַנופאַקטור סוחרים און וועש-פאַבריקאַנטען!

צו דער בעקוועמליכקייט פון די קונדען אין קעלצער אומגעגענד האָבען מיר געעפענט א לאַגער פון זאַווירצ'יער מאַנופאַקטור אויסאַרבייטונגען, אויך די נייעסטע וויסע. אין דרוק אויסאַרבייטונגען, און די פּאָפּולערע

══ זאַווירצ'יער קאָפּ-טיכער. ══

פּרייזען, קאָלקולאַציע און בעדינגונגען גענוי ווי אין פאַבריק.

אדרעס;

### בר' האַמערמעסינג — אין — זאַווירציע
אָבט. אין קעלץ, קילינסקיעגאָ 22 (פריהער מאַ"א 22)

# B-cia HAMMERMESSING

**KIELCE, Kilińskiego 22.**

## וויכטיג פאַר קאָלאָניאַל סוחרים פון ראַדאָם, קעלץ, און אומגעגענד.

איך מאַך בעקאַנט, דאָס אלס פערטרעטער פון ד"ר עטקער'ס אויסאַרבייטונגען אויף דער קעלצער וואיעוואָדסטווא, האָב איך געעפענט א קאָמיסיאָן-ביורא אין קעלץ, שענקעוויטשא 29 (געבײַדע פון האָטעל פּאָלסקי) וואו מען בעקומט אלע ד"ר עטקער'ס אויסאַרבייטונגען צו פאַבריקס-פּרייזען. רעעלע און סאָלידע בעהאַנדלונג!

אדרעס: BIURO KOMISOWE

**M. Cukierman**

KIELCE, Sienkiewicza 29 (hotel Polski).

כרמל

TRADE MARK

# וואָס די יודישע ראַטמענער דארפען פאָדערען אין נייעם שטאָדט־ראַט.

ווי עס זאָל נישט זיין. ווילענדיג, צי נישט ווילענדיג, בלייבען די וואהלען דאָך א געשעהענער פאקט. דער פראָטעסט וואָס די יודישע ראטמענער האָבען בדעה געהאט אריינצוטראָגען, שטיצענדיג זיך אויף דער מאָטיווירונג, וואָס הינדערטער יודישע וועהלער זענען צוליב די שפּעטער נאכט־שעה'ען געצווינגען געווען צופערלאָזען די געדיכטע און לאנגע רייהען ביי אַ טייל פון די וואהל־אורנעס — שיינט צו זיין אויסזיכטלאָז. די שאַנסען אויף ערפאָלג זענען צווייפעלהאפטע שוין דערפאַר, וואָס די פוילישע רעכטע פארטייען, וועלכע האָבען געליטען נישט קיין קלענערען דורכפאַל, ווי די יודישע, האָבען אויף זייערע אָבגעהאלטענע פערזאמלונגען אָנגענומען א רעזאָלוציע נישט צו רעקורסירען, נאָר געהן אָהן שום אָבהאלט אין שטאָדט־ראט. אין אַזאַ פאל איז ממילא אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאך, אז די יודישער פראָטעסט האָט דאָ אָמוועניגסטענס צוערווארטען אַ פאָזיטיווען אויסגאנג.

בלית ברירה וועלען אויך די יודישע ראטמענער אָננעמען דעם וועלבען בעשלוס, וואָס די פוילישע רעכטע, און זיי וועלען גאנץ זיכער געהן אין שטאָדט־ראט. זיי וועלען זיך בעטייליגען אין די זיצונגען פון שטאָדט־ראט, אָבער זייער בעוואוסטזיין פון אחריות איז אין געגעבענעם פאל א פיעל גרעסערער און זייערע אויפגאַבען דאָפעלטשווערע. דער מינדערווערטיגער צאָהל פון דער יודישער רעפרעזענטאַנץ שטויסט די יודישע ראטמענער אין א ווייס נישט בעקוועמער לאַגע. זיי שטעהען פאר א אייזערנע וואנד. וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרען פון די פ. פ. ס. וועמען דאָס מזל האָט היינטיגעס מאָהל אזוי אומגעוועהנליך צוגעשפילט און געמאכט געווינען אזא מעכטיגע מעהרהייט, נישט נויטיגענדיג זיך אפילו אין א שטים מצד די יודיש־בירגערליכע פאַרשטעהער.

די יודישע ראטמענער זענען היינט מעהר נישט דאָס ציגעל פון דער וואָג. היינט וועט מען צו זיי מעהר נישט אויסשטרעקען די אָרעמ'ס פון רעכט'ס און פון לינקס און הנדל'ען זיך מיט זיי, כדי זיי אריבערצוקריגען אויף דער זייט פון איינעם פון די ביידע דערמאָנטע צדדים. אמת, דאָס איז אַלץ טרויעריגע ווירקליכקייט. די דאָזיגע לאַגע, ווי פאטאל זי זאָל נישט האָבען אויסגעפאלען פאר דער יודישער קאָמונאלער פאַרשטעהערשאפט, טאָר אָבער נישט אריינטרייבען די יודישע ראַטמענער אין א גענצליך פעסימיסטישען און יאוש'דיגען צושטאנד. אַדרבה, זיי דארפען זיך שטאַרקען, אָנפילען זיך מיט מוטה און ענערגיע, נישט אכטענדיג דערויף, וואָס זיי זענען אין א פערשווינדענער מינדערהייט. נאָר דאמאָלס קאָן מען ביילייגען דעם עקזאמען פון נאציאָנאלען שטאָלץ; פון פאָלקסטימליכען בעוואוסטזיין און מענשליכע ווירדע. ווען א מיעוט ווייזט ארויס זיין גאנצען ווילענס־קראַפט זיך ארויסצורייסען פון זיינע ענגע ד' אמות און לאָזט זיך נישט טרעטען מיט די פיס, איז עס דער בולט'סטער אויסדרוק פון אויפלעבונג; פון וועלן שאַפען פאר זיך א קיום, און פון אַ שטרעבונג צו פערלייכטערן די עקזיסטענץ־בעדינגונגען.

די יודישע ראטמענער, געהענדיג אין שטאָדט־ראַט. זענען קודם כל מחויב צושאפען א פעראייניגונג און בילדען דעם זעלבען ראטמענער־קאָלאָ, וואָס פריהער. די פאַרשטעהער פון בלאָק און פון די האנדווערקער דארפען געהן האנד־ביי־האַנד ביי אלע פראגען און פאָדערונגען, פעראייניגטערהייד ברויכען זיי אונבעדינגט פאָדערען דער שטאָדט־ראט זאָל די אינטערעסען פון דער יודישער בעפעלקערונג בעהאנדלען מיט דער זעלבער אויפמערקזאמקייט, וואָס די נישט־יודישע; קעמפפען געגען עקאָנאָמישען און קולטורעלען אנטיסעמיטיזם; ארויסווייזען דעם גרעסטען ווידערשטאנד'ס־כח אין דעם הארטנאקענדיגסטען קאמפף געגען דער אנטיסעמיטישער פּאָליטיק ביים אָננעמען ארבייטער צו אלע עפענטליכע און אינוועסטיציע־אַרבייטען פון מאגיסטראַט. מיט'ן גאנצען מוטה און ענערגיע מוזען דאן די יודישע ראַטמענער ארויסטרעטען און אויסקעמפפען גלייכע רעכט אויף אַרבייט פאַר יודישע אַרבייטער, ווי פאר נישט־יודישע; אין די ארבייטער־הייזער, וואָס דער מאגיסטראט וועט אויפבויען. (פארהאַן אַזא בעשלוס פון פריהערדיגען שטאָדט־ראט) זאָלען אויך בעקומען דירות יודישע ארבייטער, און בכלל ביי יעדער בוי־אַקציע, וואָס דער מאגיסטראַט וועט אונטערנעמען, זאָלען אויך אריינגעהן די יודישע קווארטאַלען, בכדי דערמיט זאָל אויך געזאָרגט ווערען פאַר א דאַך איבער'ן קאָפּ פון יודישע היימלאָזע און אונפערמעגליכע; שטעהן אויף דער וואך צו פערהיטען, אז די קאָמונאַלע שטייערן זאָלען נישט רואינירען די וועניגער־פערמעגליכע בעפעלקערונג; דאָס שטייער־סיסטעם מוז זיין ראציאָנעל, לויט דער פאַקטישער גרויס פון פערמעגען און הכנסה און נישט, אז דער שטייער־לאַסט זאָל פאַלען אויף דער אונבעמיטעלטער יודישער בעפעלקערונג, און אויך נישט דערלאָזען דאָס ביים פונאנדערטיילען די שטייערן זאָל מען זיך ריכטען בלויז דערמיט, צי די געגעבענע פערזאָנען בעזיצען האנדעלס־אָדער מלאכה־פאטענטען, אַזוי, אז ס'זאָל נישט געלעגט ווערען קיין אכט אויף זייער פאַקטישען פערמעגענס־צושטאנד.

די אויפגאַבע פון די יודישע ראַטמענער דארף זיין, אז די קאָמונאלע מאכט זאָל אין א גערעכטער מאָס בעפרידיגען די נאציאָנאַלע און בילדונג'ס־בעדערפענישען פון דער יודישער בעפעלקערונג. דורך סובסידירען ווי געהעריג די יודישע שולען, יודישע ביבליאָטעקען, ווי אויך אונטערשטיצען די יודישע קולטור און בילדונג'ס־אינסטיטוציעס; פערלאַנגען, אז די יודישע אינטעליגענץ זאָלען אויפ'ן ווירקונג'ס־געביעט פון די קאָמונאלע מאכט־אָרגאַנען האָבען גלייך מיט אַנדערע בירגער רעכט אויף אָנגענומען צו ווערען אויף אמטען אין די ביורא'ס, אונטערנעהמונגען; אז יודישע סוחרים און האנדווערקער זאָלען נישט אויסגעמיטען ווערען ביי ליפערונגען פון כהורות און אויספיהרען שטאָדטישע ארבייטען בלויז דערפאר, וואָס זיי זענען יודען.

די יודישע ראטמענער מוזען זאָרגען, אז די יודישע געזעלשאפטליכע אין פילאנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי די פאָן־קורסען, „עזרה", לינת־הצדק, מושב־זקנים. „טאָז", תלמוד־תורה א. א. זאָלען גענוסען אין אַ גענוגענדער מאָס פון די קאָמונאלע אונטערשטיצונגען. אין פּראָגראַם פון די יודישע פאָדערונגען דארף אויך אריינגעהן דאָס שאפען א מעגליכקייט, אז יודישע אינטערעסאנטען זאָלען זיך קאָנען אין די שטאָדטישע אמטען פערשטענדיגען אין דער יודישער שפּראך.

די אַלע אויבענאויסגערעכענטע פאָדערונגען בעדארפען געהערט ווערען פון דער שטאָדט־ראט־טריבונע פון די יודישע ראטמענער, אונאָבהענגיג דערפון, צי זיי וועלען בעקומען א קאָנקרעטע לעזונג, אָדער נישט. דער תירוץ, אז דער צוזאמענשטעל פון די יודישע ראַטמענער איז אַ בעגרענעצטער אין א פערשמעלטער, קאָן דאָ נישט גילטען. ס'איז קיין קינץ נישט צו זיין פערטרעטען אין א ענטשפּרעכענדער צאָהל ביז צו קענען דעצידירען און אריבערציהען א מעהרהייט. דערצו איז לגמרי נישט נויטיג קיין ראפינירטע הויך־פּאָליטיקער. דאמאָלס קאָן גענוגענד זיין איינפאכע דורכשניט'ס־מענשען, ווייל האלטענדיג דאָס ציגעל אין האנד האָבען זיי די מעגליכקייט, אָהן צוזאמענשטויסען און קאמפפס־מעטאָדען, צו דערגרייכען וואָס זיי פערלאנגען. דאָבענדיג די מאכט צו געבען, בעזיצען זיי גלייכצייטיג דער כח צונעמען. א גרעסערען כח פערמאָגען די, וואָס טראָגען זייער מינדערהייט, ווייזען זיי ארויס ווילען, פערשטענדניש, מוטה און עקשנות'דיגע שטאַנדהאפטיגקייט אין קאמפף פאַר זייערע גערעכטע פאָדערונגען. דאן, אז מען איז בכח א [illegible] געוויסע רעכט, איז עס דער בעסטער אַטעסטאַט פון גענייטקייט, [illegible], אויפריכטיגקייט, ערנסטקייט און פעלזענשטאַרקען מסירת נפש'דיגען ווילען. זאָלען זיי נישט קאָנען [illegible] מכטן ומלידה־ראטמענער צו וועלען פטר'ען זיך און אַראָבוואַרפענדיג פון זיך די

פּראָגרעסיווער-ליבּעראַלקייט באַנוצ'ען, אז זיי זענען אין א מינוט און דעריבּער קאָנען זיי גאָרנישט פאַרלירען. די האַזיגע בּעהויפּטונג זייערע וועט אָבער נישט וועקען קיין שום ערנסט אין בּערעכטיגען זייער טאַקטישע שטעלונג. די זעלביגע ה"ה האָבּען שוין גהאָט דאָס גליק צו האַלטען דעם צינגעל פון דער מעהריהייט וואָג אין פריהערדיגען שטאָדט-ראט און וואס האָבען זיי דאַן אויפגעטוהן? — ערנסטע און פּראָגרעסיוו-אָרטליכע יורישע טהוער בּרויכען זיין צוגעגרייט צו אלע סיטואַציעס, איבּעגעבענדיג אלע פרשיינונגען מיט דער פּולער ניכטערקייט, געדולד און אויסדויער און זיין צינעגרייט בּתם לב פאַר דער מיטינען און געזעכטען קאַמפף פאַר יורישע רעכט. דאָס קען זיין אַלס פּרוּבּיר-שטיין אז מען איז נישט בּלויז אויסען צו שמירען די קיים פון ט אריביסס און מאַנדאַטען-הזקות, נאָר מען איז מוכן ומזומן צו נעמען אויף זיך דעם עול פון דער יידישע אַנגעזעהענסטער פּראַגע, פערזענליכען זיי ביז דער לעצטער שטופּע פון ייעלפּנס-מעגליכקייטען, אפילו ווען מ'האָט נישט קיין פּיער טייו און מ'קאָן נישט זיין דער איינציגער דעצידירענדער פּאקטאָר היים איבּערוויינען מיט'ן צינגעל ביים מעסטען און וועגען די מעהרהייטס-קואַפּט...

מען מוז מאַהנען און פאָדערען. קיין יאוש טאָר נישט הערשען. די יורישע שטים מוז אין שטאָדט-ראט מעכטיג און קרעפטיג געהערט ווערען אזוי לאַנג, בּיז זי וועט א אָבּקלאַנג געפינען.

**ב. צווייג.**

# די בּעדייטונג פון די רעגירונג'ס-רעכט פאַר די יורישע גימנאַזיע „פשיאַטשול וויעדזי".

א קורצע טרוקענע כראָניק-ידיעה, האָט זיך בּעוויזען אין „ראדאמער לעבען", אז די יורישע גימנאַזיע „פשיאַטשול וויערזי" אין ראדאם האָט צוריק בּעקומען מלוכה-רעכט.

צי האָט אָבּער די קורצע ידיעה א ריהר געטוהן אונזערע עלטערען, וועלכע בּלוטען שוין אזוי פיל יאָהר מיט געלד און געזונד צוליבּ זייערע קינדער וואס בּעזוכען די גימנאַזיע?

צי האָבּען זיך די עלטערען פאַר-אינטערעסירט אין דער גרויסער בּעדייטונג פון די מלוכה-רעכט פאַר אונזער גימנאַזיע?

אָט פאַר זיי טאַקע וועל איך ווידמען דאָס האַזיגע אַרטיקעל.

שוין איבּער 10 יאָהר עקזיסטירט די יורישע גימנאַזיע „פשיאַטשול וויעדזי" און אין משך פון דער צייט האָט זי שוין דורכגעלעבט מעהר צרות ווי נחת. א חוץ די אָפטע רעפּיציטען און די גרויסע אָנשטרענגונגען אזוי מער די לעהרער, ווי אויך פון שול-קאָמיטעט, איז די לעצטע יאָהרען צוגעקומען נאָך א צרה, וואָס די יורישע גימנאַזיע האָט פערלוירען די פון פריהער ערוואָרבענע רעגירונג'ס-רעכט און אונזערע קינדער האָבּען נישט געהאַט קיין רעכט צו געניסען פון די אַלערליי-הנחות, וואס עס בּאַקומען די קינדער פון די רעגירונגס-שולען: אונזערע קינדער פון די הכּערע קלאַסען האָבּען לעצטענס געמוזט אין פּאָבּאָר-עלטער אריינטרעטען אין מיליטער נישט בּאַקומענדיג קיין „אָדראָטשעניע" כדי צו קענען פערענדיגען זייער שטודיום; אונזערע קינדער האָבּען שטענדיג געמוזט אָבּגעבען אָנ'עקזאַמען, אויב זיי האָבּען געוואָלט פון אונזער גימנאַזיע אריינטרעטען אין אַנ'אַנדערע מיט רעגירונגס-רעכט. און האָבּען שוין די קינדער געענדיגט מיט מזל די יורישע גימנאַזיע, האָבּען זיי נישט קיין מאַטורע-צייגניש נישט געקענט בּעקומען בּיז זיי האָבּען נישט אָבּגעגעבען א עקזאַמען פאַר א ספּעציעלע קאָמיסיע פון בּילדונגס-קוראַטאָריום, אָדער אין געטען פאַל אין דער היגער רעגירונגס-גימנאַזיע, וואס איז פאַרבּינדען געווען מיט אומגעהויערע שוועריקייטען.

די קינדער וועלכע האָבּען נישט געוואָלט מיטמאַכען די שווערע-פּראָצעדור פון אַלערליי קאָמיסיעס האָבּען געמוזט פאַרלאָזען ראדאָם און וואַלגערען זיך אין דער פרעמד.

צענדליגער ראדאָמער קינדער וואַלגערען זיך יעצט און די פּאָ-שידענע שטערט לעבענדיג בּיי די ערגסטע מאַטעריעלע בּעדינגונגען.

די זעלבּע קינדער, וועלכע האָבּען יאָהרען לאַנג זיך געלערענט אין דער ראדאָמער יורישער גימנאַזיע. אין האָבּען זיך דאָ ערצויגען, האָבּען געמוזט אויסוואַנדערען פון דער היים, פערלאָזענדיג זייערע עלטערען, נאָנטע און היימישע.

די יורישע גימנאַזיע ווידער, וועלכע האָט דערצויגען די קינדער האָט געמוזט מיט ווייטאָג און צער צוקוקען ווי די זעלבּע קינדער בּאַקומען די מאַטורע פון א „פרעמדען". אויפן רעכנונג פון דער ראדאָמער יורישער גימנאַזיע האָבּען פּראָפּיטירט די גימנאַזיעס פון די פרעמדע שטעט הן מאַטעריעל הן גייסטיג, ווייל שוין צוגעגרייט מיט אַלע נויטיגע ידיעות א דאַנק דער ראדאָמער יורישער גימנאַזיע, זענען די קינדער אַוועק אין דער פרעמד. אָבּער צום סוף איז דאָס אַלץ פערשריבען געוואָרען אויפן רעכנונג פון די פרעמדע גימנאַזיעס.

יעצט אָבּער וועלען די אלע דאָ אויסגערעכענטע דעפעקטען פאַרשווינדען. יעצט שטעהט אויף די ראדאָמער יורישע גימנאַזיע „תחית-המתים", אויב מ'קאָן זיך אזוי אויסדריקען און וועט אָנהייבּען פיהרען א נייע לעבען

# פון די ראדאָמער מעשה'לעך.

## א קרבן פון „א לא גאַרסאָן"...

נו, נו, ליבּע לעזער, אזא וואָך ווי היינטיגע זאָל זיך שוין מעהר נישט אומקעהרען! ס'האָט געטראָפען אזא מין זאַך, וואָס זינט די „ראדאָמער מעשה'לעך" ווענען מעשה'לעך איז נאָך אַזוינס ווי היינטיגע אין זיי נישט בּעשריבּען געוואָרען.

און שולדיג אין דעם זענען די היינטיגע מאָדעס!

אונזער שטאָדט האָט זיך לעצטענס אזוי שטאַרק איינגעטוהן אין די מאָדעס—ממש נישט אויסצוהאַלטען; ס'איז שוין דערגאַנגען אזוי ווייט, אז ס'האָלט שוין דערבּיי מ'זאָל שוין אָנהויבּען געהן מיט'ן קאָפּ אַראָבּ און מיט די פיס אַרויף, וואָרום געוועהנליך פון מאָדעס קען דאָך קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

די וועלט זאָגט: „יואו א צרה-דער-טען איז די מאָדע" און איך ווידער זאָג פּערקעהרט! יואו א מאָדע—דאָר-טען איז א צרה.

דאָס האַזיגע צרה, וועלכע איך וועל אייך ערשט דערצעהלען, האָט געטראָפען א היגען פריזירער און נישט אזוי דעם פריזירער, ווי זיינער א פּאַציענטקע, א יונג ווייבּעל.

זי, דאָס יונגע ווייבעל הייסט עס, האָט לעצטענס אָנגעהויבּען נאָכציטאַנצען דער מאָדע, אזוי ווי א סך אַנדערע פון דעם מין. און אויב שוין יאָ האַלטען פון דער מאָדע דאַרף עס געמאַכט ווערען מיט'ן גאַנצען קנאַק, מיט אלע תרי"ג מצוות, פּונקט ווי אין פּאַריזער השורנאַל הקדוש שטעהט.

די אלע נייסטע פאַסאָנען קליידער, די בּעסטע זיידענע זאָקען און לאַקירענע שיך, ווי אויך מאָדערנע היט בּייכן דריי מאָל אין דער וואָך-דאָס אַלץ האָט איהר טאַקי נישט געהאָלפען, אזוי ווי עס פעהלט, נעבּיך אַנדערע אומגליקליכע פרויען, וועלכע לאָזען זיך טרעגען מיט די פיס פון זייערע מענער, נאָר בּיי איהר זענען די אַלע „שמאָכטעס", ווי זי רופט זיי אָן, געווען פון די קליינינגקייטען, ווייל מיט איינאַונאיינציגער זאַך האָט זי זיך דאָך נישט געקענט אויסגלייכען מיט דער מאָדע-מיט איהרע לאַנגע האָר. און דאָס איז טאַקי בּיי איהר געווען די גרעסטע צרה, פון וועלכער זי האָט געוואָלט פּטור ווערען, פּונקט ווי א יונגער מענטש וויל לעבּען אויף דער וועלט.

דיב אַכת זאַגענדיג, האָט זי אפילו שיינע שפּליכע נישט געלאָפען פון גרויס צער, דערהערענדיג די טרויעריגע בּשורה, אז וועלכע לאַנגע צעפּ ווי איהרע זענען שוין אויס פון דער מאָדע און נישט איין מאָל האָט זי שוין בּאַשלאָסען, אז זי וועט דוקא דער גאַנצער וועלט אויף צופּוקעניש פראָגען די האַזיגע צעפּ

ווייזט זיך אָבּער אַרויס, אז היינטיגע צייטען קען מען אליין איבּער זיך קיין בּעל הבּית נישט זיין. די מאָדע איז שטאַרקער פון אַלץ. די מאָדע פאָדערט און גאָר! און ווי באַלד, אז די מאָדע פאָדערט מוז מען, ווילענדיג צי נישט ווילענדיג, געבען איהר א קרבן. ווי זאָגט דער רוסישער גלייכ-ווערטעל: „לאַסקי, דאָ דברושי פאַסאָן!" (פלעצ אין האַלז פון דער מאָדע), האָט טאַקי גענומען דאָס יונגע ווייבעל היינטיגע וואָך אין א שיינעם אינענער, איז אריין צו א פריזירער און זיך געהייסען אָפּשערען „א לאַ גאַרסאָ"

ווען איהר דאַך מיינט, ליבּע לעזער, אז ס'איז שוין אַלץ אָבּגעגאַנגען שטיל און פיין? האָט א הר, כּמחילה, א גרויסען טעות. דוקא יאָ הויבּט זיך ערשט אָן די אמת'ע קאַשע, ווייל אז ס'איז בּעשערט חלילה אן אומגליק, קימט עס אפילו צו דער לעצטער מי-

און געבען די קינדער וואס וועלען בעזוכען די גימנאזיע די אלע הנחות וואס עס גיט א רעגירונגס-גימנאזיע.

עס ווענדעט זיך איצט אין אונזערע עסקנים וועלען זיך באציהען יעצט, און צו העלפען זיי קענען אסאך ווי געהעריג דעם ריזיגען בנין, וואס ס'שטעלט מיט זיך פאר די יודישע גימנאזיע און צי וועלען זיי מיטהעלפען איהם מיטמאכען און צי וועלען זיי ווארטען ביז וואס מעהר קינדער וועלען פארלאזען די גימנאזיע, ביז עס זאל קאסטען בילינגער און עפעציעלער זאל דער לעהרער דער דערציהער פון דעם קינד ניט ברויכען לעבען פאר א הונגער-בודזשעט און זאל ניט ברויכען אזוי פיל קרבנות ברענגען אויף דעם מזבח פון דערציהען דאס יודישע קינד אלס יוד און אלס מענש.

די נאהענטסטע צייט וועט באווייזען, אויב דער היגער יודישער פאטער אדער מוטער וועלען אויסהאלטען זייער חוב-עקזאמען פאר דער היגער יוד. גימנאזיע.

X.

■■■■■■





# וואס הערט זיך איז ראדאם.

## אונערהערטע עוולות בנוגע די יודישע ארבייטער מצד די אנפיהרערס ביי די עפענטליכע ארבייט.

צו אונז אין רעדאקציע האבען זיך געווענדעט א רייה יודישע ארבייטער וועלכע גיבען איבער אונערהערטע פאקטען, ווי אזוי די אנפיהרער'ס ביי דער אולפען-ארבייט טראקטירען און בעהאנדלען די יודישע ארבייטער, וועלכע זענען דארט בעשעפטיגט. מיר ברענגען דא א בריף פון איינעם פון די דערמאנטע יודישע ארבייטער. וועלכע שפרייזנט די אויפמערקזאמקייט פון דער יודישער עפענטליכקייט.

דער בריף לויטעט אזוי:

צו דער ג. רעדאקציע „ראדאמער-לעבען“.

איך בעט צו זיין אזוי העפליך און אבדרוקען אין אייער וו. צייטונג מיין פאלגענדען בריף.

ווי בעוויסט ארבייטען א געוויסע צאהל יודען ביי דער עפענטליכע ארבייט פון שטאדט. עס איז אבער כדאי צו פערעפענטליכען ווי אזוי אט די יודישע ארבייטער ווערען בעהאנדעלט און ווי אזוי די אנפיהרער'ס (קערוואניקעס) פון יעדער סעקציע באציהען זיך אין אלגעמיין לגבי דעם יודישען ארבייטער, מאכענדיג א אונטערשיד צווישען יוד און ניש-יוד. די שטאדטישע ארבייט טיילט זיך אויף צוויי קאטעגאריעס: בוי-ארבייט (בוראוולאנע) און קאנאליזאציע-וואסער-לייטונג. ביי דער בוי-ארבייט אונטער דער אנפיהרונג פון די אינזש. אפעל און וועטשארעק ווערט נישט געמאכט קיין אונטערשיד צווישען יודישען און נישט יודישען ארבייטער, ווייל דארט ווערט די ארבייט מעהרסטענטהייל אויסגעפיהרט אויף טאג-שכירות (דניוויקע) צו 5.80 זל. א טאג. דאגעגען אבער ביי דער ארבייט פון קאנאליזאציע און וואסער-לייטונג, דארט וואו די ארבייט ווערט דער עיקר בערעכענט פון שטיק, פון אויסגעמאסטענע טהיילען (אקארד), און דער לוין פאר גראבען, אדער פערשיטען ערד געהט אויפן מעטער — דא אין די סעקציעס ווערט שוין יא געמאכט א אונטערשיד צווישען יוד און נישט יוד.

די אולפען-ביורא צאהלט פאר אויסגראבען א מעטער 1,15 זל. און פאר פערשיטען 70 גר. א מעטער. ביי וועלכער אן ארבייטער קאן פערדינען פון 10 ביז 18 גילדען טעגליך. אבער צו אזא פערדינסט קאנען די יודישע ארבייטער פון די סעקציעס נישט דערגרייכען. זיי ווערען פשוט פערטאלגט אויף שריט און טריט. די ארבייט ווערט געמאסטען און געוואויגען ווען מ'זאל געבען די ארבייט און ווען יענע ארבייט. יעדען דערפיה, בשעת מען טיילט פונאנדער די ארבייט, ווערט געמאכט א בפירוש'ער אונטערשיעד. אלע ארבייטער ווערט די ארבייט אויסגעטיילט לויט „אקארד“ ס'הייסט פון שטיק, און די יודישע ארבייטער בלייבען שטענדיג אויף „דניוווקע“ (טאג-ארבייט), הגם די יודישע ארבייטער קאנען מאכען דעם זעלבען אקארד, וואס די נישט-יודישע ארבייטער. איינמאהל האט מען די יודען יא געגעבען ארבייט אויף שטיק, דאס איז געווען אום ווינטער, ווען די ערד איז געווען פערפרוירען און דער נישט-יודישער ארבייטער האט זיך דערוויטערט פון אקארד-ארבייט, דעמאלס האט מען געפאשעט יודען מיט אקארד צו 3—2 גילדען טעגליך.

די לעצטע צייט נעהט שוין אבער די האנדלונג אריבער אלע גרעניצען. דאס כראקטירען מינים קעיאייניק סאסנאיוסקי מיט די יודישע ארבייטער ברענגט ארויס פון געדולד. ער עקזאמינירט די יודישע ארבייטער, צי זיי קאנען די מלאכה פון גראבען ערד און ער זעהט שוין, אז יודען זאלען ארבייטען אויף טאג-לוין און נישט פון שטיק, ביי וואס מ'קאן אפשר פערדיענען א 10 גילדען א טאג. וועהר אפט קומט אויס צו ארבייטען צוויי „זמיאנעס“ פאר וואס עס ווערט בערעכענט דאפעלטער לוין, אבער ביי דעם ווערען יודישע ארבייטער אויסגעמיטען. אפשר איז דאס נאך וועניג, איז נאך געפאלען דעם זלבען „יום-האריציגען“ קעראוניק סאסנאווסקי צו מאכען א קינצעל: אנפאנג מאי האט די ביורא צוגעשיקט 30 יודען, האט ער זיי אבגעשיקט ארבייטען אויפ'ן פלאץ פון 72-טען פולק, אנטשטענדיג פאר יעדען אויסצוגראבען צו 10 מעטער. אקארד.

---

ניט.

גראד אויף איהר מזל איז ביי דעם דאיגען שרייבער געווען „סאריוואליעט“ מיט ארבייט, קעפ אויף קעפ, אזוי אז עס איז אוועק א שיינע פאר שעה, ביז וואנען זי האט זיך דערוואוסט צו איהר „אבשערער“.

דערווייל איז דער מאן אנגעקומען אין שטוב און געטראפען די כהיר פערשלאסען פון אויסנוויינינג, קלאפ אהער, קלאפ אהין – אין קול ואין עונה, זי איז נישטא! און דאס וויג-קינד אין וויגעלע שרייט און וויינט, נעבעך, מיט ביטערע טרערען און די קולות טראגען זיך עד לב השמים, ווייל די דינסט איז אויך ערגיץ אוועקגעגאנגען און נאך צוריק נישט געקומען.

בעת מעשה האט ער זיך דערשראקען און נישט געוואוסט וואס צו קלערען און וואס צו טוהן. נאר באלד האט ער זיך אנגעשטויסען, אז זיין פלוניתטע איז אוודאי אוועק ערגיץ צו א שערער זיך אבשערען, ווייל שוין נישט איינמאהל זענען צווישען זיי פארגעקומען סכסוכים וועגען דעם. ער, דער מאן איהרער, האט געטענה'ט, אז ער וויל ניט זי זאל זיך אבשערן, ווי אלע „אויסגעלאטענע“ און ארומקריכען ביי איהם אין שטוב, ווי אן אבגעשוירענע קאק זי, ווידער, האט געשריגען, געליארעמט, אז די רייד זיינע וועלען איהם פיי ווי פיי העלפען, ווי א טויטען באנקעס, ווייל זי קען נישט טראגען אזא שווערען „יאך“ אויפ'ן קאפ.

אונזער בעל הבית'ל האט טאקי לאנג נישט געקלערט. פאר גרויס כעס אויסגעבראכען די טהיר, אריינגערופען א שכנה און געבעטען איהר, אז זי זאל איינשטילען דעם וויינענדיגען קינד און אכטונג געבען א ווייליע אין שטוב. ער אליין האט זיך דערווייל א לאז געטוהן „הענרום-פענרום“ איבער אלע פריזיר-סאלאנען ארומזוכען זיין ווייב. און אז מ'זוכט א ווייב — געפונט מען. האט ער איהר טאקי געפונען ביי דעם ראזיגען שערער אין מאמע מיט'ן דער ארבייט, ווען זי איז געזעסען אויפ'ן שטול שוין מיט א האלב-אבגעשוירענעם קאפ...

קיין לאנגע שהיות האט ער שוין ערשט נישט געמאכט. ער האט איהר אנגענומען פאר דאס לעצטע ביסעל נאך נישט אבגעשוירענע האר און איהר ארויסגעשלעפט פון שטול מיט אזא איטפעט, אז זי האט דעריזעהן דער באבען פון יענער וועלט.

דעם שערער האט ער בעצאהלט 50 גראשען, ס'הייסט פאר א האלבע ארבייט, און מיט גרויס פאר האט ער איהר אבגעפיהרט אהיים.

זיצט נעבעך ערקט דאס פארדערנע יונגע ווייבעל, די האלבע „ע לא ואריפאניצע“, נאנצע טאג אין שטוב מיט א ארשבגעלאזענעם קאפ איבער א מטפחת און בעט דעם „ויגס לבבו א בינ“, אז די האר זאלען איר ווידער גיכער אפוואקסען, ווייל כ'אין איר פרשה א פה פאר לייטען דבר זאס צו סטזווייגען...

מרדכי היהודי.

און די יודישע ארבייטער זענען געבעטען געווען, אז כדי זיי אויסמאכען פון 10 ביז 12 גילדען א טאָג. נאָך 6 טעג ארבייטען שווערע ארבייט, האָט זיך ארויס-געוויזען, דאָס זיי האָבען אפילו נישט פערדינט דעם מינימאַלסטען לוין פון טאָג-ארבייט (דניוועקע). מ'האָט זיי בע-רעכענט אזוי, אז ס'זאָל זיי אויסמאכען צו 2.50 זל. פאר א טאָג און נאָך דערצו זיי געהייסען טוהן אזא ארבייט, וועלכע האָט נישט קיין שייכות מיט דעם אקאָרד. ווי טראגען, פעו'שיטען א. ז. וו.

ווען די יודישע ארבייטער האָבען אינטערווענירט אין דער אולען-ביורא האָט מען זיי ערקלערט, אז זיי קענען אפשר נישט ארבייטען און זי האָט געשיקט אויפ'ן דערפאָנטען פלאץ 9 פוילישע ארבייטער אלס עקספערטען. מ'האָט זיי אוועקגעשטעלט געגען 9 יו-דישע אין ביידע צדדים האָבען זיך פערמאסטען אין דער ארבייט, פון וועלכער ס'האָט זיך אָבער ארויסגעווי-זען, אז די יודישע ארבייטער האָבען געמאכט דאס זעלבע, וואס די נישט-יורישע, מ'האָט געוואָלט בעווייזען, אז יודען זענען נישט פעהיג צו ארבייט אָדער מ'האָט געהאט אַ טעות. 95 פראָצ. פון די יודישע ארבייטער זענען פיזיש בכח אויסצופיהרען יעדער ארבייט. זיי ווערען אָדער אויסגעמיטען, דאָרט וואו מ'קאָן פערדינען עפיס מעהר. מען קוקט זיי אין די אויגען אריין צו זעהן פון וועלכען גלויבען זיי זע-נען. אויב ס'געפינט זיך 5 פראָצ. פון די יודען. וואָס קאָנען בעטראכט ווערען אלס צווייט-ראַנגיגע ארבייטער איז דאָס נישט קיין גוואַלד. אייך ביי די פוילי-שע ארבייטער זענען דאָ פיזיש-שטארקע און אויך שוואכערע.

די יודישע פארשטעהער דארפן געגען דעם רעאגירען און נישט דערלאָזען אויף ווייטער אַזא אונערהערטע האַנד-לונג לגבי די יודישע ארבייטער ביי דער שטאדטישער ארבייט. אזוי ווי ס'איז נויטיג צו בעשעפטיגען וואָס מעהר יודישע ארבייטער, איז עס אָבער נישט ווינציגער נויטווענדיג ד ע ר שארפסטער פראטעסט פון דער יודישער געזעלשאפט, וועלכע זאָל אונטערנעמען שריט א סוף צו מאכען צו אזא אינ-געריכטע טאקטיק, וואס בע'עולה'ט אויף א אונערהערטען אופן די יודישע ארבייטער, בלויז דערפאר וואס זיי זע-נען יודען.

מ. ווייסבאָרד.

• • •

אַנדערע יודישע ארבייטער גיבען צו, אז בעת דער ווינטער האבען יודען בלאָץ פון 7-טען פאלק, ווער ס'איז געגאנגען דער פערהאנד צווישען קריסטליכע און יודי-שע ארבייטער, האט דער זעלבער קע-ראָזניק די גאַנצע צייט געמוסטערט און געשטארקט די קריסטליכע ארבייטער, וואַרפענדיג אויסרופען, זיי זאָלען זיך נישט לאָזען אויף די יודען, געמוסר'ט זיי, און געטרייסט, אז זיי וועלען נישט ארבייטען ביי דער דאָזיגער שווערער ארבייט נישט מעהר ווי 3 טעג אויף פרובע.

די זעלביגע יודישע אַרבייטער גיבען אויך איבער, אז נישט קוקענדיג דערויף וואס זיי האָבען גלענצענד אויסגעהאַל-טען דעם עקזאמען, איז זייער קליינער ארבייטס-לוין דאָך נישט פערגרעסערט געוואָרען.

## אַ היגער יודישע פאמיליע ער-ווארט א ירושה פון אַ מיליאָן דאָלאַר.

די היגע יודישע פאמיליע סענאטאָר לובלינער 20, האָט דערהאלטען א ידיעה אז אין ריאָ דע-זשענירא (בראזיליען) איז געשטאָרבען זייער פעטער'ס א טאָכטער, סענאטאָר, וועלכע האָט איבער-געלאָזט א ירושה פון א מיליאָן דאָלאַר. היות די פערשטאָרבענע איז געווען קינדערלאָז, און צווישען איהר גאנצער משפחה זענען די נאהנטסטע קרובים די היגע פאמיליעס סענאטאָר, דארינסקאַ, און זייער ברודער סענאטאר פון ווער-שא, אין פאַרהאַן א גרויסע מעגליכקייט, אַז די קאָלאָסאַלע ריעזען-ירושה זאָל איבערגעהן צו דער ראַדאָמער משפחה, וועלכע זאָל האָבען פשוט בעגליקט גע-ווארען מיט אַ אונערוואַרטעטען אוצר. דער ווארשאָזער סענאטאָר האט זאָגאָר שוין מודיע געווען זיין היגען ברודער צו פאָרבערייטען זיך צו דעם צוועק מיט אַלע נויטיגע פאמיליארע פאָרבאַ-ליטעטען, כדי אין פאַל, ווען ס'וועט נויטיג זיין צו בעווייזען די קרובה'-שאפט צווישען זיי און דער פערש-טאָרבענער, זאָל דאָס פאָרגעשטעלט ווע-רען אַלס פאקטישע בעווייזען פון פא-מיליען-אנגעהעריגקייט.

## זיצונג פון נייעם שטאָדט-ראָט אין די נאָהנטסטע טעג.

דעם 24 מאי האָט זיך אויסגעלאָזט דער טערמין, ביז וואַנען ס'איז צייט געווען אָנצוגעבען אַ רעקורס, אָדער פּראָטעסט געגען די שטאָדט-ראט-וואה-לען. אויב אועלכע אָנקלאַגעס זענען ביז דאמאָלס נישט אריינגעטראַגען גע-וואָרען, זענען די וואַהלען אין זעלבען טאָג אריין אין דייער געזעצליכער קראַפט און אויף אזא אופן איז צו ערוואַרטען, אז אין די נאָהנטסטע טעג זאָל פאָרקומען די ערשטע קאָנסטיטואי-רענדער זיצונג פון נייעם שטאָדט-ראָט.

ווי מען הערט, שטעלען די פ. פ ס. ארויס די קאַנדידאַטור אויף שטאָדט-פרעזידענט דעם פ. פ. ס.'ישען לידער דעפוטאַט אַרצישעווסקי; אלס וויצע-פרעזידענט זאָלען זיי איינשטימען אויפן יעצטיגען פרעזידענט ה' מיכאלסקי, און אַלס פאַרזיצענדער פון שטאָדט-ראַט דעם ה' ראַגוסקי (רעיענט). מיט די לעצטע צוויי ווילען די פ. פ. ס. טוהען אַ נייחא די רעכטע און צענט-רום. מען רעדט אויך וועגען דעם, אַז די פ. פ. ס. זאָלען מסכים זיין אבצו-טרעטען איין לאַווניק די יודען.

## וואַהלען צו דער קראַנקען-קאַסע.

דעם 14-טען שערפיען קומען פאָר די וואהלען צו דער ראַדאָמער קראַנ-קען קאַסע. מצד די אַרבייטער-פערזי-כערטע ווערען שוין געמאכט גהעצ-ריגע פאָרבערייטונגען צו דער וואַהל-אַקציע. די יודישע אַרבייטער פארטיי-ען בונד און פּועלי ציון פיהרען זיך שוין בעצייטענס צווישען זיך א קאָנ-קורענץ-קאמפף ארום דעם אָרט. וואו אנצוהאלטען זייערע וואהל-מיטינגען. יעדער איינער פון זיי וויל דעם גרוי-סען זאהל פון קינאָ „קאָ-סאָ" בעקומען פאר זיך אויף די לעצטע שבתים פאר די וואהלען.

ווי מען גיעס איבער, האָבען די פּועלי ציון פריהער זיך בעזאָרגט און זיי האָבען שוין געדינגען דעם „קאָרי-כאָ" אויף די לעצטע דריי שבתים.

## ליקווידירט די ראַדאָמער „סטראַזש נאַראָדאָווע".

דער אינערן-מיניסטער האָט ארויס-געגעבען א פערארדנונג צו די זי-כערהייט'ס מאכט'ס-אָרגאנען, אז זיי זאָלען דורכפיהרען א ליקווידאציע פון די „סטראַזש נאראָדאָווע" אָרגאניזאצ-יעס. דער מאָטיוו איז, וואָס די סטראזש נאראָדאָווע פיהרט א פערשווערישע אָרבייט און בעדראָהט די אָרדנונג און עפענטליכע זיכערקייט.

דעם 22-טען ה. ה. איז אויך די ראַ-דאָמער אָבטיילונג פון סטראזש נאַראָ-דאָווע ליקווידירט געוואָרען.

## באַנקראָטירט קיין ראַדאָם אַ האַלבען מיליאָן זלאָטעס.

די טעג האָבען ראדאָמער לעדער און שיך-סוחרים ערהאַלטען פּראָטעס-טען פון סאנאק און לעמבערג אויף א סומע פון א קנאפען האַלבען מיליאָן זלאָטעס. די דערמאָנטע באַנקראָטירטע פירמעס האָבען א לענגערע צייט גע-האַנדעלט אויפ'ן היגען לעדער מארק, וואו זיי האָבען שטענדיג איבערגעלאָזט א שפּאָרען פדיון.

די היגע סוחרים האָבען אהינגעשיקט א ספעציעלע דעלעגאַציע אויף צו אָנ-רעגולירען זיך, אָבער די דעלעגאַציע האָט זיך אומגעקעהרט, נישט קאָנענ-דיג דורכקומען מיט די באַנקראָטירטע סוחרים. די ראַדאָמער סוחרים זענען

דעריבער אנגעבלאזן צו ווענדען זיך צו דעם פראקוראטאר און זיי אנקלאגן פאר בייזווילינגן באנקראט.

דער גרויסער עריך קען האבן א פאצלע ווי קיבי אינ'ן האנדעל פון דעם ראדאמער לעדער און שוך-פראדוקציע.

## שטרייק פון שיסטערס און קאמאשענמאכער'ס.

פארינע וואך האט דא אויסגעבראכען א שטרייק פון אלע היגע שוסטער'ס און קאמאשענמאכערס. די שטרייקענדע שטעלען ארויס הוכפה-פאדערונגען ביז 50%. אחוץ דעם פאדערען זיי בעסערע בעדינגונגען ביים אויסצאהלען דעם ארבייטס-לוין, ווילענדיג בעזייטיגען דאס סיסטעם פון אויסצאהלען דעם שכירות מיט לאנג-טערמיניגע וועקסלען. די ערקלערונג פון די ארבייטס-געבער, אז צוליב די שוואכע האנדעלס קאניונקטור קאנען זיי נישט נאכקומען די פאדערונגען, בעפרידיגט נישט די ארבייטער און דער שטרייק האלט שוין אן די צווייטע וואך.

די צאהל פון די שטרייקענדע דערגרייכט איבער טויזענד, וואס בעשטעהט פון קריסטען און יודען.

## פארלעזונג אין דער ציונ. ארגאניזאציע.

שבת במדבר 28 מאי אום 4 נאכמיטאג פינקטליך וועט פראפ. פ. מושקאטבליטה האלטען א ל"ג-בעמר פארלעזונג אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע א. ד. ט. „רבי עקיבא און רבי שמעון בן יוחאי".

איינגאנג פריי!

## אונטערגעהערט אין סאסקעס גארטען.

— איך פריי זיך, אז דער ג' ה' איז שוין געזונט און געהט ארום.

— נאט צו דאנק פ'איז פערביי דאס שרעקליכע פיס-ברעכען.

— ווער האט אייך געהיילט? — קיינער, די רעצעפט, וואס כ'בעניק, איז די גומינע פאדעשוועס פון די „פוילישער גומי-אויסארבייטונג פאבריק „בערסאן", וועלכע היטען אב פאר פייכטקייט, קאטאר און רעאמאטיזם.

## פון האנדווערקער-קלוב.

זונטאג דעם 22 ד. ח. איז פארגעקומען א אלגעמיינע פערזאמלונג געווידמעט איניגע אקטועלע פראגען. בעווישען אנדערע: דאס פעראינטערעסירען די מייסטערס, אז זיי זאלען שיקען די לערן-יונגלעך אויף די אוונד-קורסען, אין די בראנזשע פון צוואנגס זונטאג רוה.

דער פארזיצ. ל. ביליאנסקי און די רעפעראטען הי"ה: ה. י. איידעלבוים, משה ראזענבוים און פאריר מיטגליד ה' ש. ח. פערקאוויטש, האבען אויספיהרליך ארומגערעדט די פינאנץ און די אוונדקורסען פאר לערן-יונגליך. די רעדנער האבען אנגעוויזען אויף די גרויסע בעדייטונג פון די קורסען און האבען אויפגעפאדערט אלע מייסטערס, ספעציעל די מכאלקעזצם, פאליארעס, און שניידער, אז זיי זאלען אונבעדינגט שיקען די לערן-יונגלעך אויף די קורסען צוליב פ"ל טעמים. דער עיקר, ווייל עס דראהט מיט א גרעסערער געלדשטראף, ווי אויך ארעסט.

צוליב די הוגרעטער פראטאקאלען, וואס מען מאכט די בעלי מלאכות פאר'ן ארבייטען אום זונטאג האבען די פערזאמעלטע אין נאמען פון 800 ארגאניזירטע האנדוו. געשיקט א טעלעגראמע צום וויצע-פרעמיער יוזעפען אפצושאפען צוואנגס זונטאג רוה ווי אויך אנולירען אלע פראצעסען, וואס זענען פערבינדען מיט'ן צוואנגס זונטאג רוה.

דינסטאג דעם 2 טאג שבועות 8 אין אוונד וועט פארקומען אין אייגענעם לאקאל דער המשך פון דער אלגעמיינער פערזאמלונג. אלע מיטגלידער ווערען געבעטען אונבעדינגט צו קומען.

## פארלעזונג פון יואל מאסטבוים.

שבת דעם 28-טען 1.30 בייטאג וועט אין קינא קא-פא פארקומען א פארלעזונג פון בעקאנטען יודישען שריפטשטעלער יואל מאסטבוים, איינגעארדנעט דורכ'ן קלוב. איינצעלהייטען אין די אפישען.

## אדוו. ה' מוליער האט קיינעם נישט פערשפראכען אבצוטרעטען זיין מאנדאט.

— ווערטער ג' ה' רעדאקטאר!

אין נומער 19/159 „ראדאמער קעלצער לעבען" אין א בעריכט ווענען די שטעלונג פון די נייע יודישע ראטמענער צום שטאדט-ראט, ווערט בעפות איבערגעגעבען, אז איך האב געזאגט מכלומר'שט האבען פערשפראכען דעם ה' זינגמאן דאס אין פאל ווען ער וועט נישט דורכגעהן, זאל איך איהם אבטרעטען מיין ארט. דאס דעמאנטע שטימט נישט מיט דער ריכטיגקייט. קיין שום צוזאגען האב איך קיינעם נישט געגעבען וועגען אבטרעטען מיין מאנדאט.

מיט דאנק אדוו. ש. מוליער.

## אלגעמיינע פערזאמלונג פון דער געזעלשאפט „פשיאטשול וויעדזי".

פארינע וואך, איז אין לאקאל פון די יודישע גימנאזיעס פארגעקומען א אלגעמיינע פערזאמלונג פון די מיטגלידער פון דער געזעלש. „פשיאטשול וויעדזי". נאכ'ן איבערלייגען דעם בעריכט ווענען דער בעקומענער לעגאליזאציע פון דעם קעלצער וואיעוואדא פאר דער דערמאנטער געזעלש ערקלערט דער דירעקטאר פון גימנאזיום אינזש. ה' רוכאק אז די יודישע גימנאזיעס האבען לעצטענס בעקומען א נאציאנאלען כאראקטער, נישט נאר אין פארם, נאר אויך אין אינהאלט און אויף דורכצופיהרען דעם יודאיסטישען פראגראם לייגט די דירעקציע א ספעציעלען דרוק. דער דירעקטאר איז אויך מודיע, אז דאס מיניסטעריום האט געגעבען רעכט די שולע. און אז די פערוואלטונג ארבייט לעצטענס אינטענסיוו צוקויפען א פלאץ וואו ס'זאל אויפגעשטעלט ווערען א אייגען הויז פאר די יודישע גימנאזיעס. ה' פרענקעל שטעלט פאר א פינאנסיעלען בעריכט, פון וועלכען ס'ווייזט זיך ארויס, אז די גימנאזיעס האבען פון די פריהערדיגע יאהרען א דעפיציט אויף 30 טויזענד זלאטעס. ס'ענטשטעהט א לעבהאפטע דיסקוסיע וועגען די מיטלען צו דעקען דעם דעפיציט און לסוף ווערט אנגענומען, אז יעדער פון די עלטערען זאל ארויסבארגען אויף דעם צוועק פון 125 ביז 200 זלאטעס אויפ'ן חשבון פון שכר לימוד, וואס זאל אבגערעכענט ווערען אין משך פון א יאהר צייט. ס'איז געקליבען געווארען א פערוואלטונג אין וועלכער ס'זענען אריין די ה"ה: ד"ר מולער, ד"ר קלעפערווארם, י. פרענקעל, י. קויסמאן, מ. פעלדמאן, מ. ל. פישמאן. צו דער פערוו. איז לויט'ן רעסקריפט פון מיניסטעריום צוגעצויגען געווארען דער דירעקטאר ה' רוכאק. אלס קאנדידאטען: קייש העלצמאן ל. מייזעלס און י. גרין. אין רעוויזיאנס-קאמיסיע: י. דיאמאנט, י. מ. ראזענבערג און ד"ר שענדעראוויטש. אמלעצט ווערט בעשלאסען, אז די מיטגלידער זאלען זיך בעטייליגען אויפ'ן בוי-פאנד.

## אדמיניסטראטיווע שטראפען פון דער סטאראסטווא.

אין משך פון 1 ביז'ן 15 מאי האט די ראדאמער סטאראסטווא אויפגעגעבען פאלגענדע אדמיניסטראטיווע שטראפען: פאר נישט אבהיטען די סאניטארע פארשריפטען — 48 שטראפען; פאר עובר זיין אויף די אנטיאלקאהאל-פארשריפטען — 53; פאר עובר זיין אויף די ארדנונגס-פארשריפטען אויף די גאסען — 41; פאר נישט אבהיטען די פארשריפטען פון אייזענבאהן-פערקעהר — 3; פאר בעזיצען נישט ערלויבטע געוועהר — 16; פאר עובר זיין דאס געזעץ פון אלגעמיינער פערפליכטונג דער מיליטער דינסט — 3; פאר נישט אויסשטעלען צעניקעס 12; פאר מיסברויכען ביים פערמיטלען אין האנדעל מיט זאכען פון ערשטען געברויך — 9 שטראפען.

## א אדרעס פאר'ן אמעריקאנער פאלק.

אין בוזאמענהאנג מיט די מיראקלינע וואסער פערפלייצונגען פון טייך מיסיסיפי אין צפון-אמעריקא, צוליב וועלכע איבער 800 טויזענד איינוואהנער זענען געבליבען אהן א דאך — ווענדעט זיך דער ראדאמער מאגיסטראט מיט א אויפרוף צו אלע היגע ארגאניזאציעס, אינסטיטוציעס און געזעלשאפטען צו אונטערשרייבען א אדרעס פאר'ן אמעריקאנער פאלק אלס אויסדרוק פון מיטלייד'ס געפיהלען צוליב דער גרויסער טראגעדיע, וואס האט געטראפען א געוויסען טייל פון די אמעריקאנער איינוואהנער.

דער אדרעס וועט איבערגעגעבען ווערען דעם אמעריקאנער קאנסול אין ווארשא.

## גאולת-הארץ-קייט

ארגאניזירט דורך דער יודישער פרעסע.

אונטערן פראטעקטאראט פון דעפוטאט י. גרינבוים.

אברהם רוטמאן (סא וואלנע 7) ענטפ. דעם ה' מענדל טייכמאן מיט 10 זל. אין רופט ארויס: פנחס מארא.

אלעקסנדר לאקס ענטפ. דעם ה' ברעסלויער מיט 5 זל. און רופט ארויס: דוד בלאטמאן, הערמאן ראזענבערג, ישראל ראזענבערג.

דירעקטאר פיאטר פרענקעל איינגעצאהלט 5 זל.

יצחק מאיר ראזענמארג ענטפ. דעם ה' קוראיער מיט 20 זל.

יעקב האלץ ענטפ. דעם ה' י. גאלדשטיין מיט 5 זל

בוחרים פעראיין ענטפ. די ציוניסטישע ארגאניזאציע מיט 5 זל.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבע טאָכטער
בלימעלע מיט ה' **ישראל קאָרמאַן**
וואונטשען מיר א הערצליכען מז"ט, זאָל גאָט געבען
מיר זאָלן דערלעבען פון איך פיעל נחת, גליק
אין אייביגע צופריעדענהייט.
עלטערן **שלום ראָזענבערג** עם פרוי **חיי'לע.**

**Blumka Rozenberżanka Izrael Korman**

# ZARĘCZENI.

Radom 24 maja 1927 r.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער זוהן
**ישראל** מיט פרל' **בלומטשע ראָזענבערג**
וואונשען מיר אונזערע הארציגסטע ברכות, זאָל אייער
פעראייניגונג אייך אייביגע צופרידענהייט ברענגען.
עלטערן **קאָרמאַן.**

א האַרציגן מז"ט און פיעל גליק וואונשען מיר אונזערע
מחותנים **שלום ראָזענבערג** עם פרוי **חיי'לע**
צו דער פערלאָבונג פון זייער טאָכטער
**בלומטשע** מיט ה' **ישראל קאָרמאַן**
**לאַנדאו און מיגדאַלעק**

Z intencji zaręczyn kochanej naszej
**BLUMKI**
z p.
**IZRAELEM KORMANEM,**
dużo szczęścia na nowej drodze życia
życzą **Mania i Moniek.**

צו דער פערלאָבונג פון אינזער ברודער און פעטער
**ישראל קאָרמאַן** מיט פרל' **בלומה ראָזענבערג**
ווינשען מיר אייביגעס גליק און צופרידענהייט.
**שמואל קאָרמאַן**
עט פרוי און קינדער.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבען ברודער
אין שוואָגער **ישראל קאָרמאַן**
מיט פרל' **בלומקע ראָזענבערג,**
ווינשען מיר אז די זון פון גליק זאָל בעשטראַלען
זייער נייעם לעבענס-וועג.
**וואָלף ראָזענצווייג און פרוי.**

Z intencji zaręczyn brata naszego
**IZRAELA**
z p.
**BLUMKĄ ROZENBERŻANKĄ**
życzymy im pomyślnej przyszłości.
**Bela Korman i Wład. Gutman.**

צו דער פערלאָבונג פון אונזער קוזינקע
**בלימעלע ראָזענבערג** מיט ה' **ישראל קאָרמאַן**
ווינשען מיר, אז מיט דעם שריט זאָל זיך אָנהויבען
א גליקליכע עפּאָכע אין זייער נייעם לעבענס-וועג.
**אלתר גאָלענביאָווסקי** עט פרוי און זוהנעלע.

א הערצליכען מז"ט מיין שוועסטער חיי' ברכה
און שוואָגער שלום ראָזענבערג צום פערלאָבונג פון זייער
טאָכטער **בלומטשע** מיט ה' **ישראל קאָרמאַן**
ווינשען מיר, אז זייער צוזאַמענבונד זאָל געשלאָסען ווערען
אויף אייביגע גליקליכע יאָהרען
ברידער **חיים יונה** עט פרוי און קינדער

צו דער פערלאָבונג פון פרל' **בלומטשע ראָזענבערג**
מיט ה' **ישראל ראָזענבערג**
ווינשען מיר א גליקליכע צוקונפט און א אנגענעהמע
עפּאָכע אין זייער נייעם לעבענס-וועג.
**יהודא לאַנדוי.**

צו דער פערלאָבונג פון פרל'
**בלומטשע ראָזענבערג** מיט ה' **ישראל קאָרמאַן**
וואונשען מיר א הערצליכען מז"ט און זייער זיווג-בונד זאָל
געשלאָסען זיין אין א מאָמענט פון גליק און צופרידענהייט.
**באַלטשע, חיים אשר, שרה'לע**
**גאָרפינקעל.**

צו דער פערלאָבונג פון אונזער פריינד
**ישראל קאָרמאַן** מיט פרל' **בלומטשע ראָזענבערג**
ווינשען מיר מזל-טוב, אז דער בונד זאָל עוויג
דויערן מיט גליק און צופרידענהייט.
פאמיליע **בערקמאַן**

מזל טוב דיר! מיין ליעבער פריינד און יוגענד-חבר ישראל
צו דיין פערלאָבונג מיט פרל' **בלומטשע ראָזענבערג**
מיר ווינשען דיר א גליקליכע צוזאַמענבונד מיט דיין
אויסדערוועהלטע, זאָל דער בונד אייערער זיין צוזאַמענגעשלאָסען
מיט שטראַלענדע פרייד און בעגלייטען אייער גאַנצען לעבען.
דיין פריינד **ישראל בערקמאַן** עם כלה.

Z intencji zaręczyn p. **Izraela Kormana**
z p. **Blumką Rozenberżanką**
życzymy im duże szczęścia i wiecznego
zadowolenia.
**Salomonostwo RAJCH.**

צו דער פערלאָבונג פון אינזער בעסטן חבר און פריינד
ה' **ישראל קאָרמאַן** מיט פרל' **בלומטשע ראָזענבערג**
ווינשען מיר אז אין זייער לעבענס-בונד זאָל הארמאָני-
רען גליק, צופרידענהייט און פערשאפן נחת די עלטערן
**חיים פייפער, שמואל פרידמאַן,**
**שמעון הלל געליבטער** ראַדאָם

צו דער פערלאָבונג פון אונזער טאָכטער
**חנה פייגע אייגער**
מיט ה' **יעקב ווייסבראָט** ווארשא
ווינשען מיר א הערצליכען מז"ט.
**די עלטערן** און **שוועסטערל בינה.**

צו דער פערלאָבונג פון אונזער שוועסטער
**פייגע אייגער** מיט ה' **יעקב ווייסבראָט** ווארשא
ווינשען מיר זיי פיעל גליק און צופרידענהייט
און די עלטערן פיעל נחת.
**לייבל פרידמאַן** עט פרוי און טאָכטער.

מז"ט ווינשען מיר אינזער שוועסטער **פייגע אייגער**
צו איהר פערלאָבונג מיט ה' **יעקב ווייסבראָט**
אויס ווארשא, זאָל זייער בונד געשלאָסען זיין
מיט אייביגען גליק און פערשאפען די עלטערן
פיעל נחת.
**יצחק און עקבה אייגער.**

צו דער פערלאָבונג פון מיין פריינד
פרל' **פעלא אייגער** מיט ה' **יעקב ווייסבראָט**
ווינש איך, אז זייער לעבענס-וועג זאָל בעצירט
זיין מיט בלומען.
**שמואל אלי' קאָרמאַן.**

מז"ט דיר ליעבער שוועסטער **פייגע,**
צו דיין פערלאָבונג מיט ה' **יעקב ווייסבראָט**
זאָל אייער בונד געשלאָסען זיין מיט גליק און
צופרידענהייט, די עלטערן פיעל נחת.
**ישעיהו אייגער, פרוי** און קינדער.



## בעקאַנטמאַכונג.

**די יורישע קהלה-פערוואַלטונג אין ראַדאָם**
מאַכט בעקאַנט, אז דער טערמין פון איינצאָהלען די 2-טע ראַטע פון עטאַט
פאַרן יאָהר 1926 ענדיגט זיך **מיטוואָך דעם 1 יוני.**

די יעניגע עטאַט צאָהלער, וועלכע האָבען שוין איינגעצאָהלט די 1-טער
ראַטע און וועלען נישט צו צאָהלען די 2-טע ראַטע ביז'ן אויבענדערמאָהנטען
טערמין, וועלען איבערגעשיקט ווערען אין מאַגיסטראַט צום צוואַנגס-איינמאָהנען
די 2 טע און 3-טע ראַטעס צוזאַמען ביים צורעכנען
30% און עגזעקוציאָנס-קאָסטען.
די 2 טע ראַטע בעטרעפט א פערטעל פון דער גאַנצער עטאַט-סומע.



**PINKUSOWI FRYDMANOWI i RODZINIE**
z powodu zgonu Ich
# MATKI
wyrazy szczerego współczucia składa
**Ch. Zylberberg.**

# קעלצער אבטיילונג.

צבי מאשקאוויטש.

## צו דער אלגעמיינער פערזאמלונג פון סוחרים-פעראיין.

דער מצב פון יודישען סוחר האט לעצטענס אנגענומען קאטאסטראפאלע פארמען. עס הערשט אין אלע בראנ-זשעס אנ'אויסערגעוועהנליכע קאנקורענץ, וואס איהר רעזולטאט איז דאס, אז דער סוחר פערקויפט לעצטענס זיינע אר-טיקלען אונטער'ן קאסטען-פרייז. פון דער צווייטער זייט ווערט דער שטיי-ערן-שרויף וואס אמאהל שטארקער און דראהט דעם יודישען סוחר'טום גענצליך רואינירט צו ווערען.

די ביידע ערשיינונגען וואלטען ביי נארמאלע בעדינגונגען געדארפט ציהען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די יודישע סוחרים, כדי פון איין זייט אונטערצוברענגען די שעדליכע קאנ-קודענץ, ווי אויך אנצונעהמען מיטלען צו לינדערען די עוולות וואס ווערען גאנץ אפט בעגאנגען אין די שאצונג'ס-קאמיסיעס בנוגע דעם יודישען סוחר.

דער איינציגער דערצו בערופענער פאקטאר דארף און קען זיין נור א שטארקער און גוט ארגאניזירטער סוח-רים-פעראיין, מיט וואס עס קען זיך, ליי-דער, אונזער שטאדט נישט רוהמען.

דער סוחרים-פעראיין אין קעלץ האט דורך דער גאנצער צייט פון זיין טע-טיגקייט נישט בעוויזען ארויסצורופען קיין צוטרוי צו זיך מצד די יודישע סוחרים אין אונזער שטאדט און האט מיט די עטליכע מאהל ארבייט נישט ארויסגעוויזען קיין עקזיסטענץ-בערעכ-טיגונג.

עס איז מעגליך, אז דער יודישער סוחר אין קעלץ האט נאך נישט פער-שטאנען דעם אמת וועגען א גוט-ארגא-ניזירטען סוחרישען קבוץ און ער האט ביז יעצט נישט געשטיצט די אינסטי-טוציע, וואס איז בערופען צו פערטיידי-גען די סוחרישע אינטערעסען.

די שולד פון דעם טראגט אבער אויסשליסליך דער סוחרים-פעראיין, וויל דאס אלעס, וואס איז ביז יעצט דורך איהם געטוהן געווארען, טראגט אויף זיך א שטעמפעל פון פלאנלאזיגקייט; פון מאנגעל און אריענטאציע, אונבע-האלפענקייט און מאנגעל אין מענשען וואס קענען און ווילען לינדערן די לא-גע פון יודישען סוחר. עס איז פשוט דערגאנגען אזוי ווייט, אז אין די שא-צונג'ס-קאמיסיעס ווערען איצט די מיי-נונגען פון די יודישע פארשטעהער אין גאנצען נישט גענומען אין אכט.

און דאס איז די סבה פון דער גרינגשעצענדער און איגנארירענדער שטעלונג פון די יודישע סוחרים צו זיי-ער פעראיין.

אזא לאגע איז אבער אונארמאל און טאר לאנג נישט אנהאלטען, ווייל זי דראהט מיט טרויריגע קאנסעקווענצען דעם יודישען סוחר, וועלכער קאן נישט בלייבען גלייכגילטיג צו זיין אייגענעם גורל.

עס איז שוין צייט, אז דער יודישער סוחר זאל זיך איינמאל א געוויסער צייט בעפרייען פון זיין טאג-טעגליכען יאגע-ניש און טאראראם און א טראכט טוהן איבער זיינע אויפגאבען, אויב שוין נישט לטובת הכלל, איז בנוגע זיך אליין. די לעצטע עטליכע מאסען-פערזאמלונגען פון די סוחרים גיבען א גרונד צו האָ-פען, אז זיי האבען ענדליך פערשטאנען זייער לאגע און גיבען זיך אן א דין-וחשבון, אז לענגער טאר אזוי נישט בלייבען.

די רעזיגנאציע פון פרעזעס פון סוח-רים-פעראיין איז אויך א פועל-יוצא פון די אונארמאלע בעדינגונגען וואס הער-שען דארט.

די נעכסטע אלגעמיינע פערזאמלונג דארף נישט בלויז דעצידירען אין דער עקזיסטענץ פון פעראיין, נאר דארף אויך דינען אלס בעוויז, אז די יודישע סוחרים האבען ענדליך פערשטאנען, אז די פערטיידיגונג פון זייערע אינטערע-סען דארף געפיהרט ווערען דורך א שטארקע ארגאניזאציע מיט א ציעל בע-וואוסטען פראגראם פון ארבייט.

### פון האנדווערקער-פעראיין.

דינסטאג ד' 17 מאי ה. י. איז פאר-געקומען די קאנסטיטואירענדע זיצונג פון דער ניי-געוועהלטער פערוואלטונג. די פערוואלטונג האט זיך קאנסטיטואירט אויף פאלגענדען אופן: פארזיצער א. מאנעטא, אלס וויצע פארזיצערס: ראַ-וויצקי און י. מ. סטראוושינסקי, אלס סעקרעטאר ש. סטראוושינסקי, אלס קאסירער א. וויינשטאק.

ווייטער איז אויף דער זעלבער זי-צונג בעשלאסען געווארען שוין פון דער נייער וואך אן צו עפענען א ביו-רא אינ'ם האנדווערקער פעראיין, וועל-כע זאל פאר א גאר ביליגען אבצאהל ערלעדיגען יעדען מיטגליד אלערארט ביטעס, ווענדונגען אין די שטייער אמטען, אדמיניסטראטיווע און שטאטישע אמטען. דאס ביורא וועט זיין טעטיג א גאנצען טאג.

עס איז אויך אויף דער זעלבער זי-צונג אויסגעוועהלט געווארען א גאנצע רייהע קאמיסיעס, ווי ווירטשאכטליכע, פינאנסיעלע א. ד. גל. וועלכע טרעט שוין צו צו דער ארבייט.

ווי מען שמועסט זאל די ארבייט אין האנדווערקער פעראיין יעצט אוועק אינטענסיוו.

### פון סוחרים-פעראיין.

אין צוזאמענהאנג מיט דער רעזיג-נאציע פון פרעזעס ה' לעוו איז אויף זונטאג צוזאמענגערופען געווארען די פערוואלטונג מיט'ן ראט.

די זיצונג איז געפיהרט געווארען דורכ'ן וויצע-פרעזעס פון ראט ה' ד. ראזענבערג. עס איז בעשלאסען געווא-רען אנצונעהמען די דעמיסיע פון ה' לעווי און גלייכצייטיג האט זיך די פערוואלטונג מיט'ן ראט, סאלידארי-זירענדיג זיך מיט דער שטעלונג פון פרעזעס, אויך אנגעגעבען זיך אין דע-מיסיע.

ס'איז אויך בעשלאסען געווארען צו-זאמענצורופען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג אויפ'ן 12-ען יוני.

פאר דער אלגעמיינער פערזאמלונג וועט נאך צושטאנד-קומען דער צוזא-מענפאהר פון די סוחרים פון דער גאנ-צער וואיעוואדזטווע מיט'ן אנטייל פון דעפ. ווישליצקי.

* . *

אין משך פון דער וואך זענען פאר-שטעהער פון אלע בראנזשעס אויפגע-נומען געווארען דורכ'ן פרעזעס פון דער שטייער-קאמער, ה' קאשציעלסקי. וועמען די דעלעגאציעס האבען איבער-געבען א מעמאריאל מיט די וואונשען פון די סוחרים, ווי אויך א ליסטע פון די סוחרים, וואס זענען בע'עוולה'ט געווא-רען דורך די שאצונגס-קאמיסיעס. דער פרעזעס האט מיט אויפמערקזאמקייט איינגעהערט די סוחרים-פארשטעהער און צוגעזאגט די סוחרישע דעזידערא-טען גינסטיג צו ערלעדיגען.

### א פראצעס איבער א שייטעל.

פרוי ז. ק. האט אויסגעבענדיג איהר טאכטער, אויפ'ן פערלאנג פון דעם חתנ'ס עלטערען בעשטעלט א שייטעל פאר דער כלה, און געגעבען דעריף 8 זל. אנגאבע. אין טאג פון דער חופה האט זי דאס שייטעל אנגענומען און צוגעזאגט דאס צומארגענס צו ערלעדי-גען. נאך דער חתונה אבער האט דאס יונגע ווייבעל חרטה געקריגען און בע-שלאסען, אז דאס שייטעל איז אנ'איב-ריגע זאך, בפרט נאך, אז דער מאן האט נישט די אייגענע מיינונג. וואס זיינע עלטערן, און האט דאס שייטעל אבגעשיקט צו דער פריזירקע. די לעצ-טע האט דערפאר אנגעקלאגט פר. ז. ק. אין געריכט, וואו דער פראצעס איז די טעג בעטראכט געווארען. דאס גע-ריכט האט ארויסגעגעבען אנ'אורטייל, אז דער פריזירקע קומט צו בעצאהלען עטליכע צוואנציג זל. און דאס שיי-טעל געהער דעם יונגען ווייבעל.

### א אינוואלידען-צוזאמענפאהר.

דער היגער אינוואלירען פעראיין האט צוזאמענגערופען א צוזאמענפאהר פון די אידישע אינוואלידען פון דער קעלצער וואיעוואדזטווע אויפ'ן 24-ען ד. מ. אין לאקאל פון דער יודישער קהלה.

אין צוזאמענפאהר וועלען זיך אויך בעטייליגען פארשטעהער פון דער ווארשאווער צענטראלע.

### זעלבסטמאָרדען

דעם 19 טען ד. מ. האָט זיך דער 53-יעהריגער יוזף פאָטאַשעווסקי פון ראַף בער מאָט ביי לאָפּושנא אויפ-געהאָנגען. ווען מען האָט דאָס בע-מערקט, איז ער שוין געוועזען טויט.

דער זעלבסטמערדער איז שוין פון א לענגערע צייט געוועזן גייסטיג-קראַנק.

* * *

פאַרינגען פרייטאָג נאָכמיטאָג האָט געפרובט בענעמען זעלבסטמאָרד דורך סמ'ען זיך דער פריזירער אַמאסטאַ (ניטוואָלאָוסקא 78).

דער ארויפגערופענער דאָקטאָר האָט איהם אויסגעשפּריצט דעם מאַגען און ער איז איבערגעפיהרט געוואָרען אין שפּיטאָל.

דעם פערצווייפעלטען שריט זאָל דער פריזירער האָבען בעגאַנגען צוליב פאמיליע-סכסוכים.

### נאָך א אונטערגעוואָרפען קינד.

ביים רייניגען דאָס קלאָזעט אין הויף שענקעוויטשא 18 האָט מען גע-פונען א טויט קינד פון מעגל כפן גע-שלעכט. וועגען דעם ווערט געפיהרט אן אויספאָרשונג.

### פון דער יודישער גמינע

די אידישע גמינע טרעט צו אויס-צואַרבייטען דעם בודזשעט אויפ'ן יאָהר 1927. די פינאַנץ-קאָמיסיע ביי דער פערוואַלטונג האָט שוין אָבגע-האַלטען עטליכע זיצונגען.

### אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון הויז-איינענטימער

זונטאָג דעם 29-טען 5 נ. מ. קומט פאָר אין לאָקאַל פון סוחרים-פעראיין די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון די היי-גע הויז-איינענטימער, אַלע מיטגלידער ווערען געבעטען צו קומען.

### טראַגישער טויט

אין דאָרף ניטיואַלאָוו האָט דער 17-טען יעהריגער יאַנישעווסקי געפּאַ-שעט א פערד אויפ'ן פעלד. אום מורא ראָס פערד זאָל נישט צו-ווייט אויסק-נעון, האָט ער זיך אין דאָס פערד אַרומ-געבינדען מיט א שטריק. נישט ווייט אוים'ן פּאַסטע איז פּליצלינג דורכגע-לאָפען א איזיאַ און דאָס פערד דער-שראָקענדיג זיך איז אַנידערגעפאַלען אויף די קניה, מיטשלעפענדיג מיט זיך יאַנישעווסקי'ן. די צוזאַמענגעלאָפענע שכנים האָבען דאָס פערד ענדליך פער-האַלטען, דער פערוואונדעטער יאַ-נישעווסקי האָט אָבער קוים דערנאָך בעקומען א בלוט-שטורץ און געשטאָר-בען.

### זאַמלונג פאַר בדק הבית.

| | | |
|---|---|---|
| יעקיל קאָפּערבערג | — | 50 ז. |
| יצחק הערשקאָוויץ | — | 100 „ |
| אביש הײַנשטאָק | — | 50 „ |
| משה חיים קויפמאַן | — | 100 „ |
| משה דעמסקי | — | 36 „ |
| אברהם גרופּשטיין | — | 36 „ |
| יוסיל פרידמאַן | — | 150 „ |
| ישעי' גרויס | — | 10 „ |
| ווערגינסקי | — | 18 „ |
| שלום מאיר שטייער | — | 18 „ |
| בעריש רייזמאַן | — | 100 „ |
| שמרי' מאַכטינגער | — | 50 „ |
| שמואל גאָלדמאַרק | — | 20 „ |
| אייזענבערג חתן ש. רוטמאַן | | 20 „ |
| בעריש ווערגינסקי | — | 20 „ |
| יונה האָכמאַן | — | 36 „ |
| איטשע לעווי | — | 18 „ |
| גאָלדקליין חתן אייזענבערג | | 10 „ |

### גאולת-הארץ-רינג

ארגאניזירט דורך דער יודישער פרעסע, אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דעפּוטאַט י. גרינבוים.

י. מ. רייזמאַן ענטפערט דעם ה' א. ערליך מיט 10 זלאָטעס און רופט ארויס פאָלגענדע פּערזאָנען: ד"ר י. לעווינזאָהן, ד"ר פלעשלער, ה. זעניי-סקי.

יוסף פערלאַוו גיט 5 זלאָטעס און רופט ארויס: גרשון טענענבוים, א. ש. בוריספין, אליעזר ניסענקערען, אברהם מאיר שפּירא, פּר"ל מ. שפּירא, מאריץ זיימאַן, יצחק ראָטענבערג, אברהם וויינריב, אין קעלץ, יעקב דן-לב (נהל"ל א"י), פּרל"ל סעלאַ טע-נענבוים פינטשעוו.

### „טשוואַרטאַק“

דאָס קינאָ פון היגען מיליטערישען גאַרניזאָן וואָס איז לעצטענס איבערגע-טראָגען געוואָרען אין צענטער פון דער שטאָדט, האָט זיך געשטעלט אין פער-בינדונג מיט א גאַנצע רייהע ערשטקלאַ-סיגע פילם-אַגענטורען און ווייזט לעצ-טענס די סאמע נייעסטע שלאַגערס. דאָס קינאָ איז אויך געוואָרען פולש-טענדיג רעמאָנטירט און די מיליטערישע אָרקעסטער איז בעדייטענד פערגרעס-סערט.

### ל"ג בעומר-אויספלוגען.

דער היי-יעהריגער ל"ג בעומר איז אין קעלץ געפייערט געוואָרען אין אַלע יודישע שולען. די לעהרערס האָ-בען ערקלערט די שילער און שילערינס די בעדייטונג פון ל"ג בעומר און נאָך דעם האָבען זיי געמאַכט אויספלוגען אין די אַרומיגע וועלדער. אויך אין די גאַסען האָט זיך א יום-טוב'דיגע שטימונג געלאָזט מערקען בעת די קינ-דער זענען אין געשלאָסענע רייהען מאַרשירט צוריק פון אויספלוג.

### בעגרעניצונגען פאַר די באַזאַר-שטייערס.

מיט א צייט צוריק האָט דער היגער מאַגיסטראַט בעשלאָסען, אז אויפ'ן מאַרק אין באַזאַר, וואו עס שטעהען א רייהע סוחרים מיט זייערע קרעמלעך זאָלען גאָר זיין ערלויבט ביז 2 נ. מ. פאָריגען מאָנטאָג האָט מען שוין די איינגעפּטימער אָנגעהויבען צו דער בעשטימטער שעה אַראָבנעמען מיט זייערע קרעמלעך. א דעלעגאַציע פון דער יודישער קהלה האָט דעריבער אינטערווענירט וועגען דעם ענין און האָבען גע'פועל'ט צייטווייליג די באַזאַר-שטייער צו ערלויבען שטעהן א גאַנצען טאָג.

די יודישע ראַטמענער האָבען אויך בדעה די זאַך צו בעריהרען אויף דער נעכסטער זיצונג פון שטאָדט-ראַט.

### פון ראַבינאַט.

דער ראַבינאַט בעט אונז מודיע צו זיין, דאס דער געזונדהייטס-אמט ביי דער וואָיעוואָדסטווא אין קיעלץ, האָט זיך צו איהם געווענדעט, דאס די יודי-שע בעפעלקערונג זאָל אָפּהיטען, אז אין די געוועלבער, ווי אויך אין די הייף, זאָלען זיין ריין, ווייל אין די נעכסטע צייט ווערען ספּעציעלע קאָ-מיסיעס, בעזוכען די געשעפ-טען, ווי אויך די הייף, און וועלען שטרענג בעשטראָפען די, ביי-וועלכע עס וועט נישט זיין ריין.

# צו דער עפענטליכקייט.

שוין 25 יאהר ווי ביי אונז אין שטאדט עקזיסטירט אן אינסטיטוציע מיטן נאמען „תלמוד תורה", וועמענס אויפגאבע איז צו געבען די קינדער פון די נישט פערמעגליכע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ראדאם א יודישליכע ווי אויך א וועלטליכע ערציהונג. ווי אלעמען איז באוואוסט, האט די אויבערדערמאנטע אינסטיטוציע א גאנץ לאנגע צייט פון איהר ביזאהעריגע עקזיסטענץ נישט איבריג בעפרידיגט די גאנצע יודישע בעפעלקערונג פון אונזער שטאדט. איך געפין דא נישט פאר נויטיג ארומצורעדען די סבית, וועלכע האבען פעראורזאכט דעם פאריגען מצב פון דער אויבענדערמאנטער „תלמוד תורה", דאגעגען פיהל איך זיך פערפליכטעט ארויס צו זאגען מיינס א פריוואטע מיינונג וועגען דער אינסטיטוציע ווי אזוי זי זעהט אויס ביים היינטיגען טאג.

איך, דער שרייבער פון די דאזיגע שירות, וועלכער וואוין זייט איהר עקזיסטענץ אין דעם הויז (וואס איז דאס אייגענטום פון דער „תלמוד תורה") האב [illegible] ביי דער אינסטיטוציע. זעהענדיג די ראדיקאלע ענדערונג, וועלכע די ת"ת האט דורכגעמאכט די לעצטע צייט [illegible] אויף דעם געביעט פון היגיענע, אזוי אויף דעם געביעט פון ערציהונג'ס-וועזען פיהל איך דעם חוב צו ערקלערען דאס פאר דער עפענטליכקייט.

געערטע לעזער! די היינטיגע „תלמוד תורה" איז גאנץ ווייט פון דער פאריגער און דאס מיז מען מודה זיין איז א דאנק די אונערמידליכע ארבייט פון איצטיגען לייטער, וועלכער האט פערשטאנען און זארגט, אז די אינסטיטוציע זאל קענען צופרידען שטעלען אלע שיכטען פון דער יודישער געזעלשאפט אין ראדאם מיט'ן פערברייטערען דעם לערן-פראגראם אזוי, אז ער זאל ענטהאלטען אין זיך אין א גענוגענדע מאס יודישע און וועלטליכע למודים, כדי דאס נישט פערמעגליכע קינד, ארויסגעהענדיג פון דער „תלמוד תורה" זאל בעזיצען כאטש עלעמענטארע בילדונג. צו דעם צוועק האט מען אנגאזשירט בעסערע פעדאגאגישע קרעפטען אזוי, אז די אינסטיטוציע האט אין דער לעצטער צייט אויפגעבליהט און עס איז צו האפען אויף שעהנע פרעכטיגע פרוכטען. לויט די אויפבעסערונגען, וואס זיינען דורכגעפיהרט געווארן קאן מען מיט דער פולער פערזיכערקייט זאגען אז די „תלמוד תורה" וועט דערציהען בעוואוסטזיניגע יודען און מענשען, וואס וועלען פערשאפען כבוד די יודישע בעפעלקערונג אין ראדאם און עס איז מעהר ווי זיכער, אז די אינסטיטוציע האט שוין געפונען דעם געהעריגען צוטרוי ביי דער יודישער געזעלשאפט אין אונזער שטאדט.

די קריטישע פינאנסיעלע לאגע אבער אין וועלכער די ת"ת געפינט זיך איצט, קאן צופיהרען, אז די „ת"ת" אין דער שענסטער צייט פון איהר אויפבליהונג זאל ח"ו פערוועלקט ווערען. עס ליגט דערום א חוב אויף דער גאנצער יודישער געזעלשאפט אין ראדאם בכלל און אויף די יודישער פארשטעהער פון דער יודישער קהלה, ווי אויך אין שטאדט-ראט בפרט, — ווייל נור אין זייער האנד ליגט דער גורל פון דער אינסטיטוציע. דען די „ת"ת" דערהאלט זיך נור א דאנק די סובסידיעס — ווארום צו זיין פערפליכטעט, אז די אינסטיטוציע זאל בעקומען די געהעריגע סובסידיעס, בכדי צו קענען פערזיכערען איהר עקזיסטענץ און פארזעטצען איהר אויפגאבע אין דער צוקונפט, דען אהן די געהעריגע סובסידיעס איז איהר עקזיסטענץ נישט געזיכערט.

איך האב די האפנונג, אז די יודישע געזעלשאפט און איהרע פארשטעהערשאפט וועט פערשטעהן ווי געהעריג אפצושאצען דעם ווערטה פון דער „תלמוד תורה", אין וועלכע עס ווערט ערצויגען ביים היינטיגען טאג אהן ע"ה לערך 350 קינדער און איהר צו הילף קומען פאר איהר ווייטערדיגע עקזיסטענץ.

א. לעווין.

1—40



Redaktor i Wydawca CH. M. HERC — Odbito we własnej drukarni Radom Szwarlikowska 20.